I went to sea
To see the world,
And what did I see?
— I saw the sea! . . .

(פּאָפּולער אַמעריקאַנער לידל)

## 1. וואו? וואו? וואו?...

דער ים! דער ים! דער ים!
— וואו האָבן מיר געזען:
„דער ים איז גלאַט און לויטער ווי אַ שפּיגל!
אַז פישערלייט שמייכלען תמיד קעגן זון?"

— וואו האָבן מיר געזען:
„מעוועס זעגלען זאַרגלאָזע אויף פלאַטערפלי פון פליגל,
און מאַטראָסן בענקען נאָכאַנאַנד נאָך אַ טייפון?"

וואו האָט אונדז פאַרטרויעט אַ רעקלאַמע:
„דעם ים — גאָטס וואונדער — מעסט מען נישט מיט געלט!
נאָר מיט געזונט, מיט פאַרגעניגן מיט אַ רייזע אַרום דער וועלט.
— אָ, די וועלט, די גוטע מאַמע!"

וואו האָט ווער געזונגען:
„זון און כוואַליעס און אַ ים אין שפּיל פון בלויער רו.
דער אָוונט נידערט
און אַ ווינט פאַרוויגט דעם ים: — איי־ליו־ליו־ליו".

— וואו?
— וואו?
— וואו?...

## 2. דערוואַכונג

די נעכט פיבערן נאָך דאָ
מיט גרויזאַמקייט פון לאַנג־פאַרשוואונדענע פרעסט,
נאָר די באַטאָגן שמייכלען שוין מילד —
מיט קילער זונשײַן, מיט זיידענעם שפּינוועבס,
מיט שערענגעס צוריקגעקומענע פייגל,
פון ווייטע לענדער — ערשטע, פריע געסט.

דער נאָענטער ים רוישט און וואַרפט זיך נאָך מיט אייז־קריעס,
מיט גרין־גרויע וואַסערבערג,
און שוימט, און דונערט, און ברומט —
פון צאָרן און פון ווײ.
נאָר דער פרי־אַפּרילי־קער הימל שמייכלט שוין
דורך זיינע זיידענע בלוי־ליכטיקע וויעס,
און ס'נידערט אַראָפּ פון דער הויך
אַ וואַרימע זון אויף דער ערד,
און טריקנט אויס די גריבלעך —
די לעצטע צעשמאָלצענע טינטערס מיט אייז און מיט שניי.

פישערלייט לופטערן נעצן.
און פון פּיפּקענדיקע קוימענדלעך זעצט שוין זעלטענער אַרויס
אַ קויטיק־אַסטמאַטישער רויך.
נאָר ס'מערן זיך צעעפנטע טיר און פענצטער
פון הויקערדיקע שטיבלעך —
פאַרביי די קרומע געסלעך —
אויפן פרייען וועג.

אַנטקעגן זון, אויף שוועל פון הויז —
אַן אַלטיטשקע מיט ציטערדיקע הענט
פאַרצירעוועט אַ פּאָר צעפּעדימטע אַלטע זאָקן.

שאָטנס פון נאַקעטעביימער
וויגן זיך אויף די ברעטלדיקע ווענט,
און אויף דער הויפּטגאַס אַן אומעטיקער סגל:
דער פּאָסט־אָפיס דאָס פּייערהויז
אַ הילצערן קלויסטערל
וואָס דרימלט אַ גאַנצע וואָך אויף זייערע אַקסל,
און כאַפּט זיך אויף פון שלאָף אין זונטאָגס,
און צעקלינגט זיך הייזעריקלעך און צעשראָקן,
און וועקט און רופט דאָס אָרימע פישערדאָרף
צו גאָטס־געבעט!...

אַנטקעגנאיבער פינטלט פאַרחלשט
דאָס אויג פון איינציקן רעסטאָראַן
וואָס האָט אַ ווינטער לאַנג געבענקט נאָך זומערגעסט.

אויף אַ באַנק באַם ים — זיצט אָנגעלענט
אַ גרייז־גרויער פישער,
אין אַ צעדריוולטער אוניפאָרם פון אַ קאַפּיטאַן,
און קוקט מיט בענקשאַפט אין די אויגן
אויף די בערג מיט כוואַליעס —
און אויף אַ ווייטער שיף וואָס ראַנגלט זיך מיט זיי.

די זון איז מילד און לויטער.
די לופט איז ווי אַ גוט־געטראַנק — געשמאַק און זיס.
דער הימל גליט און טריפט מיט בלוילעכן גענאָד.
אינגלעך מיט שפּראָץ פון פוך אויף פנים —
טרעטן צאַרט מיט ליבשאַפט און מיט שרעק
אויף שאָטנס פון פאַרבייפלאַטערנדיקע מיידלעך — אויפן וועג,
און שלינגען מיט דאָרשטיקע בליקן
דעם שלאַנקן טראָט פון זייערע יונגע, הייסע פיס.

און ווען מיט גרויסן וואַסערקאָפּ אויף שמאָלע אַקסלען
באַווייזט זיך (ווי אַלעמאָל אין דער צייט)
מיט שוים אויף ליפּן — דער תמיד־שמייכלענדיקער אידיאָט,
וואָס האָט פּלוצים פון לאַנגן ווינטערשלאָף דערוואַכט
און שלעפּט זיך אַרום איבערן פּישערדאָרף מיט שווערן טראָט —
און שמייכלט נאָכאַנאַנד צו זיך אַליין און לאַכט,
און זינגט פאַר זיך אַליין דאָסזעלבע ליד ווי פאַראַיאָרן:

I went to sea
To see the world,
And what did I see?
— I saw the sea! . . .

— ווייסט מען שוין אַז דאָס איז דער סוף פון ווינטער!
— אַז דער פרילינג איז שוין צוגאָסט פאַרפאָרן!
— און אַז דער זומער איז נישט ווייט!...

## 3. זומערפרימאָרגנס באַם ים

מיט אַנזאָג אויף פרימאָרגן גיבן זיך דאָ איבער
די שטיבלעך אויפן באַרג
דעם פליסטערדיקן רויש פון אויפגעוואַכטן טאָג.
דער דרויסן איז נאָך אומבאַשטימט —
עס הענגט אַ מילדער הויך אַ ליבער
און ס'פּינטלט שלעפעריק אַ ווייטער לאַמטערן אויף אַ ראָג.

נאָר ווען פאַרטאָג —
טוט שטראַליק אַ באַריר די גרינלעכע אַלייען,
ווען אַ ווינטל טוט זיך ווילד אַ יאָג —
און נעמט זיך צווישן רויזנקוסטן דרייען,
ווען אויף טיר און פענצטער —
טוט די זון זיך גאָלדיק אַ צעלאָך:

הייבט אָן אַ האָן פּרימאַרגנלויב צו קרייען,
טויבן נעמען וואָרקען פאַרנווייז,
אַ פּיקהעלץ האַקט מיט שנאָבל אין די צווייגן,
אַ פוקס טוט שנאָרכענדיק איבער וואַלד אַ שפּרייז,
אַ שפּערל לאָזט זיך וואוילגיין אין זיין נעסט,
— און אַלע לאָזן זיך אַוועק צו זוכן שפּייז!...

באַם נאָענטן ברעג פון ים
באַווייזן זיך די ערשטע געסט:
הונגעריקע זאַמדפייגל, און באַלד אויף פליגל ווי קורירן
הונגעריקע מעוועס, אין פלאָטער איבער פישערלייט אין שיפן
וואָס קערן זיך אַ היים פון פאַנג און נאַכטיקן וואַך —
מיט פולע מיילער שווייגן,
מיט ריח פון פיש, מיט שאַרפן טעם פון זאַלץ,
מיט אַ געהיימען שיין אין אויגן —
ווי בלויע, דורכזיכטיקע איידלשטיינער
פון דראָענדיקע טיפן אַרויסגעצויגן.

און אַלע אין פאַרכט פון שטומען אָפּמאַך מיטן ים:
— דער ים זאָל זיי דערנערן!
זייער איינציקער קוואַל פון שפּייז:
— דער ים! דער ים! דער ים!...

## 4. וואָס טראַכט דאָס קליינע פישערדאָרף?

ווען ס'ליגט באַטאָג שוין אָנגעוואַרעמט
באַם ברעג פון ים דאָס גאָלדיק זאַמד,
און ס'גליט אין שווינדזוכט ווי צעפלאַמט
דאָס קליינע פישערדאָרף אויף באַרג:
— וואָס טראַכט דאָס קליינע פישערדאָרף?

עס קוקט אַראָפּ פון פעלזנקאַרק
און זעט: ווי ס'קומען פון האָטעלן
איינציקווייז און פעסט געאָרעמט
רייכע לייט און רייכע דאַמען.
איינער פלירטעט. איינער פליסטערט שטיל אַ סוד.
פאַרבנרייכע פּאַוועס שטעלן
אין באַד־קאָסטיומען טראָט נאָך טראָט;
(אין זעלבסטפאַרליבטקייט טיף פאַרטון)
צום ריטואַל פון ים און זון!

—וואָס טראַכט דאָס קליינע פישערדאָרף?

דאָס קליינע פישערדאָרף אין שטוין
זעט: ים און זון און ווינט און זאַלץ
אויף קערפּערס בויגזאַם, דין און שלאַנק!
— זון גליט הייס, און זון גליט לאַנג.
— בלוט זידט הייס, און בלוט זידט רויט.
— הויט ווערן האָניק — זיס און ברוין.
— ברוין — ווערט מערער בראָנז ווי הויט.
— די נאַכט —אַ וואַלץ.
— דער טאָג — געזאַנג.
— זון און ים — אַ ריטואַל.
— ברעג פון ים —אַ קאַרניוואַל.

— וואָס טראַכט דאָס קליינע פישערדאָרף?

דאָס קליינע פישערדאָרף איז וואַך,
און גליט אין שווינדזוכט ווי צעפלאַמט.
עס קוקט אַראָפּ מיט האַרץ פאַרסמט.
עס קוקט אַראָפּ, עס קוקט און טראַכט:
פון אייגן לעבן — לאַנגער נאַכט.
ביז מיט באַגינען טאָגט באַשייד:

**פאַר וועמען ים איז קוואַל פון סם!**
**פאַר וועמען ים איז קוואַל פון פרייד!...**

## 5. פישערלייט, פישערפרויען און פישערקינדער

באַטאָג איז שטיל אויף באַרג פון פישערדאָרף.
איבער אַלץ ליגט אויסגעצויגן
אַ בלויער הימל פון זייד.
בלויז פון אונטן נישט ווייט
דער ים רוישט און רוישט און רוישט
און ווערט נישט מיד דעם הימל קוקן אין די אויגן.

פישערלייט פאַרריכטן די נעצן, און טראַכטן:
— לאַנג ווי אייביקייטן ציען זיך באַנאַכטן
ווען דער ים צעצאָרנט זיך מיט שטורעם און געוויטער.
פון אויפגעלעבטער געפאַר —
טוט דאָס אויספּרובירטע פישערדאָרף פון פרייד אַ ציטער:
— „דער בייזער הונט!... דער ים!" — זיי שפּייען אויס.
אַ וואָלקן האָט דאָס האַרץ פאַרצויגן.
אין האַלדז געבליבן שטעקן איז אַ וואָרט.
זיי פאַרריכטן די נעצן.
זיי רויכערן און שווייגן.

אַ ווינט נעמט בלאָזן.
זיי הייבן אויף צום הימל, שטום, די אויגן —
און טרעפן דאָס מאָרגנדיקע וועטער.

מעוועס נעמען צו דעם הימל שטייגן.
אויף פעלדער נעמען ציטערן די גראָזן .
אין גאָרטן קריכט אַ ווינטל פרעך אויף צווייגן,
און פלירטעט מיט די בלעטער
וואָס שאָרכען האַלב־פאַרשעמט:
— פאַרנאַכט... ווען שאָטנס... קום אַהערצו שפּעטער...

שוער־פאַרהאָרעוועטע זענען דאָ תמיד די פישערפרויען.
מע טרעפט זיי תמיד אין גאָרטן אַקערן און זייען,
מע טרעפט זיי תמיד באַם שפּאָרעוודיקן קאָכן.

— די אָרימקייט איז שווער ווי לאַסט פון טויזנט יאָכן!
פישערפרויען טרעפט מען דאָ תמיד מיט רויטע הענט
פון אייביקן וואַשן וועש.
פישערפרויען טרעפט מען תמיד מיט ליבשאַפט
צאַרטע, קינדערישע קעפּלעך צוואָגן.
פישערפרויען טרעפט מען תמיד פאַרשטאַרטע
(אין אייביקע געבורטוויייען)
מיט בלויע אָדערן
אויף אייביק־געשוואָלענע פיס.
נאָר פישערפרויען וועלן קיינמאָל אויף זייער גורל זיך נישט קלאָגן.
זיי וועלן געדולדיק די לאַסט פון לעבן אַ לעבנלאַנג טראָגן,
— און קיינמאָל אויף זייער גורל זיך נישט קלאָגן!...

און העכער — אויפן באַרג
שפּילן זיך האַלב־נאַקעטע אין טראַנטעס און אין שמאַטעס
טשאַטעס — אויסגעצערטע פישערקינדער —
וואָס ליידן פון ראַכיט און שטאַרבן פאַר דער צייט,
נאָר קינדער טראַכטן ניט פון טויט ווען זומער בליט.

זיי שפּילן זיך אויף גרינעם גראָז.
זיי שניצן זעגלשיפלעך.
זיי פלעכטן נעצן.
זיי יאָגן זיך נאָך פלאַטערלעך.
זיי לויפן נאָך אַן אַנקעגנגעקומענעם צעשראָקענעם האָז —
מיט פולע מיילעכלעך געלעכטער.
קינדער טראַכטן ניט
(ווען זומער בליט!)
אַז דער טויט יאָגט זיי נאָך
פאַרשטעלט ווי ראַכיט!

— ווי קאָן דאָס זיין?
— ווי קאָן מען טראַכטן גאָר דערפון —
ווען די וועלט איז פאַרגאָסן מיט שיין!
ווען אויף גאָלדענעם האַרץ פון דער זון
שפּילט זומער זיין זומערדיק ליד?!

קינדער שפּילן זיך, און פֿאַרשפּילן זיך גאַנצע טעג.
און פֿאַלן צו צום קוואַל פֿון שלאָף אין אָוונט —
און פֿאַלן אַוועק —
מאַט און מיד...
מיד און מאַט...
און שלאָפֿן איין:
— מיט חלומות אין לבנהשיין!...
— מיט חלומות און לבנהשיין!...

## 6. טוריסטן

טוריסטן ווײַלן דאָ דורך דער ליבער זומערצײַט
און באַוואונדערן די פֿישערלײַט — דעם ימס אייביקע וועכטער.
זעגלשיפֿלעך גליטשן זיך אין בלויער ווײַט —
זעענען זיי מקנא דאָ די פֿישערלײַט,
זייערע זין און זייערע טעכטער:
— דער ים!... אָ, דער בלויער ים!...
אָ, פֿישערדאָרף!... אָ, פֿישערלײַט!...
אָ, וואונדערלעכער, פֿרייער שטאַם!...
אָ, איר אַלע דאָ געבוירן אין אַ גוטער שעה!...
אָ!... אָה!...
און ווידעראַמאָל: „אָ און אָה!... און אָהה!"

זיי זעענען בלינד צו דער פֿאַרסמטער פֿרייד אַדאָ —
וואָס ווײַנט פֿון ים אַרויף צום פֿישערדאָרף,
פֿון פֿישערדאָרף
אַרונטער —
צו דעם ים!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זיי שפּיגלען זיך אין רו פֿון ברעג אויף זייער שפּאַציר,
און נעמען תמיד מיט מיט זיך אַ באַנאַלן סואוועניר!...

## 7. די מאַלער — די זומערפייגל אַרום ים

שטיל
אויף באַרג פון פישערדאָרף —
ליגט אויסגעצויגן
בלויער הימל פון זייד.
היינט (ווי אַלע יאָר) זענען זיך צונויפגעפלויגן
די מאָלער — די זומערפייגל
און ווי מיט גלוסט פון פלינדער
ווידער צוגעפאַלן מאָלן דאָ דעם ים.
ווי דאָס גאַנצע פישערדאָרף
(פינטעלע אויף מאַפע פון דער וועלט)
וואָלט אַ מאָדעל געווען
פון זייערטוועגן דאָ אַוועקגעשטעלט.

און יעדער פון זיי מיינט:
ער קאָן דעם פינזל און דער פאַרב פאַרטרויען —
דאָס פאָרכטיקע שווייגן פון די פישערלייט.
דעם צער פון געדולדיקע,
פון אייביק־פאַרהאָרעוועטע פישערפרויען.
— דעם שטומען וויי־געשריי פון טויט
וואָס יאָגט זיך נאָך די טריט פון קליינע קינדער !...

נאָר שפּינען —שפּינט, און וועבן — וועבט,
און מאָלן — קאָן בלויז מאָלן דאָס אָט־דער:
וואָס האָט אַרויסגעשיילט דורך טיפן פיין —
לוין און פרייד און ליכטיקן באַשייד
פון פיינלעכער, פון האַרטער וואָר דאָ אויף דער ערד !

בלויז דער:
וואָס האָט מיט זאָמען פון געבורט דורך ווי באַלעבט
אין בלי פון טראַכט — טיפן זין פון זון באַטאָג!
ליכטיקן גאַנג — פון דער נאַכטס אויסגעשטערנטן גאַנג!
שטומען ווײ־געשריי פון אייביק־בלוטנדיקער צייט!

בלויז דער:
וואָס האָט מיט זיך געבראַכט אַהער
אַן אייגן האַרץ,
אַ האַרץ — געהיים און טיף
און וואַרעם ווי אַ טרער!

— בלויז דער!...
— בלויז דער!...

## 8. מיט שוים פון פרילינגיאָרן

ווען אין קילן בלי — פאַרזונקענע אין אָוונט — שטייען שטיבער,
און פענצטער גליען אומעטיק באַטרונקענע מיט פיבער,
ווען נאַכט וועבט אויס אַ ווייסן שיין פון כשוף אויפן וועג:
— גנבעט זיך די יוגנט פון פישערדאָרף אַוועק.

מע גנבעט זיך אַוועק אין אָפּגעטראָגענע קליידלעך,
אין טראַנטעדיקע הויזן,
מיט זומערשפּרענקלעך אויפן פּנים, מיט אַ פאַרלאַטעט העמד,
מיט שוים פון פרילינגיאָרן. שרעק פאַר גאָט — איז זייער גאַנץ פאַרמעג!
אין חלום טרוימט זיך זיי אין גרויסע שטעט אַ לעבן אויסגעבעבט
מיט רויזן,
און ס׳רייצט מיט טויזנט כשופן די אומבאַקאַנטע, די ווייטע,
ווייטע פרעמד!...

איצט פירט זי פאַר דער האַנט דאָס לעבן פון אַ העלדין (געזען
אויף דעם עקראַן),
אין גרויסשטאָט: אַן אָרעם־מיידל גוט און פרום: ליבט זיך איין
אין איר אַ יונגער פרינץ.
איצט פירט איך דאָס לעבן פון אַ העלד אַן אָרעם אינגל (ווי ס'האָט
אַ בוך געשילדערט):
דורך שווערער מי: אין טריבער פרעמד: איז ער געוואָרן
וועלט־באַרימט און רייך.

אין אָוונטליכט, מיט ווייסן שיין פון כשוף אויפן וועג —
אַפּט גנבעט זיך די יוגנט פון פישערדאָרף אַוועק:
פון טאַטנס הויז: אין אָפּגעטראָגענע קליידלעך: אין
טראַנטעדיקע הויזן:
מיט זומערשפּרענקלעך אויפן פּנים: מיט אַ פאַרלאַטעט העמד:
— אין חלום טרוימט זיך זיי אין גרויסע שטעט אַ לעבן אויסגעבעט
מיט רויזן,
און ס'רייצט מיט טויזנט כשופן די אומבאַקאַנטע, די ווייטע,
ווייטע פרעמד!...

## 9. באַם העלן גאַנג פון שטערן

ווען אין קילן בלוי — פאַרזונקענע אין אָוונט — שטייען שטיבער,
און פענצטער גליען אומעטיק באַטרונקענע מיט פיבער,
ווען לאָמפּן שפּרייטן מאַטן שיין: ווען קינדער שלאָפן איין:
ווען דורך אויפגעפּראַלטע טירן ווייִנט אַרויס פון טעלער אויפן טיש:
איבערבלייב פון מאָגערע, פון דערעסענע אָרעם־מאָלצייטן פון פיש:
— וואַכן אַלטע פישערלייט: עס נעמט זיך נישט קיין שלאָף
צו זייערע אויגן.

דער ים רוישט, ווי זיי וואָלטן הײַנט צום ערשטן מאָל אים הערן.
טריט פון ווינט — ווער ער זוכט ער דאָ אַרום אין נאָענטן וואַלד?
זיי וואַכן דורך דער נאַכט און היטן דעם העלן גאַנג פון שטערן,
און לבנה טריפט טראָפּנס קילן שיין ווי זילבער קאַלט —

אין טיף פון האַרצן מיט טרויער הײנט פאַרצויגן.
ווי קעציִשע אויגן באַנאַכט — פינקלען אין פאַרשעמטקייט טרערן.
— ווי פײַנלעך ס'איז דער אומפאַרמייד פון ווערן אַלט !...

— די קינדער זענען הילפלאָז נאָך און קליין ; און די וואָס גרויס —
— ווער האָט זיי פון דער היים אַדאָ געטאָן אַ רייס אַרויס ?
— וואָס האָט זיי אין דער פרעמד — אין גרויסע שטעט געצויגן ?
— ווי פייגל פאַרלאָזן אויף הפקר אין שפּעטן האַרבסט דעם וואַלד
האָבן זיי אונדז דאָ פאַרלאָזט און ווייט אַוועקגעפלויגן.

— ווער האָט זיי פון דער היים אַדאָ געטאָן אַ רייס אַרויס ?
— וואָס האָט זיי אין דער פרעמד, אין גרויסע שטעט געצויגן ?

## 10. דאָס אייביקע געזאַנג פון ים

אין טויש פון טעג און נעכט —
פאַרשווינדן יאָרן :
און ים נערט פישערדאָרף מיט לייד און מיט געפאַר,
און ווערט נישט מיד פון כוואַליע רויש צו רוישן —
דאָסזעלבע ליד פון נויט און צער.

אין טויש פון טעג און נעכט —
פאַרשווינדן יאָרן :
— וואו זענען זיי ?
— ווי לעבט זיך זיי ?
— וואָס איז פון זיי
אויף גרויסער וועלט,
אין גרויסע שטעט געוואָרן ?

— בענקען זיי ?
— קערן זיי זיך ווען צוריק
צום ים ?
— צום פישערדאָרף אויף באַרג
וואו געשטאַנען איז אַמאָל זייער קינדערוויג ?

— אין טויש פון טעג און נעכט
פאַרשווינדן יאָרן !...

## 11. אין גרויסע שטעט, אין ווייטער פרעמד

אין טויש פון טעג און נעכט —
פאַרשווינדן יאָרן;
אין גרויסע שטעט, אין ווייטער פרעמד,
איז נישט פון זיי געוואָרן
דאָס וואָס ס׳האָט פאַרפירעריש געוויזן בילד אויף דעם עקראַן,
און אויך נישט ווי ס׳האָט פאַלש געשילדערט —
וואָרט פאַרשוועכטס.

אין גרויסע שטעט, אין ווייטער פרעמד,
אין רויש,
אין רעש,
צווישן אייביקן געדריי פון רעדער
צעמאָלט די בויט אויף אַש —דעם שטאָלץ;
און ס׳בויגט זיך דאָ אַ יעדער
נישט איינמאָל אונטער לאַסט פון גרויל
און שעלט (ווען קיינער הערט נישט) דעם טאָג פון זיין געבוירן.

וואַקסט דאָ רואינענבאַרג
מיט חלום אויף חלום, און מיט טרוים אויף טרוים
ווי אַן אויסשאַט פון ברוכוואַרג.

אין גרויסע שטעט, אין ווייטער פרעמד,
צווישן מויערן פון שטיין און שטאָל,
שטום, און אומבאַקאַנט —
בענקען זיי נאָך זון! בענקען זיי נאָך שטערן!
ווייל שווער איז דאָ, אַ שווער,
ביז אָוונט שווער פון פרי באַגינען
צו פראַצעווען און גייען אין שפאַן פון יאָך,
און טרוקן ברויט פאַרדינען —
מיט זאַלץ פון שוויס, און עסן דאָס מיט זאַלץ פון טרערן!...

נאָר שווערער נאָך פון גייען פאַר בידנעם לוין אַן אַרבעטסוואָך
ווי לאָסטפערד איינגעשפּאַנט, איז דאָס אַרומגיין ליידיק!
— איז דאָס נישט פאַרדינען!
דעמאָלט צווינגט דער הונגער דאָס האַרץ זאָל אונטערגעבן זיך,
— ס׳זאָל ווערן שטיין! ס׳זאָל אויסטון זיך פון שאַנד!
— שטרעקט מען אויס צום בעטלען אַ בעטלענדיקע האַנט!...

אין טויש פון טעג און נעכט פאַרשווינדן יאָרן:
אין גרויסע שטעט, אין ווייטער פרעמד,
— ווי לעבט זיך זיי?
— וואָס ווערט פון זיי?
— וואָס איז פון זיי געוואָרן?

די מערסטע פון זיי דערשטיקט די פרעמד אין אירע אָרעמס.
אַ סך פאַרשלינגט דאָ דער האָרמידער,
ווי די טיף פון ים ווען ס׳פאַלט אַריין אַ שטיין;
און שאַ און שטיל איז.

און אַסך לעבן ווידער אויף אין מעשות און אין לידער
פון גרויסע שטעט, פון ווייטער פרעמד —
וואָס ס׳פאַרפאַסט וועגן זיי דאָס פישערדאָרף!...

## 12. היינט ווי אַלעמאָל

אַמאָל קריגט עמיץ אומגעריכט פון גרויסע שטעט,
פון ווייטער וועלט —

אַ בריף מיט געלט.
אַ זון אָדער אַ טאָכטער האָט צוגעשיקט
די לעצטע גראָשנס — ווען ס׳האָט צום האַרצן צוגעדריקט
אַ בענקשאַפט נאָכן פישערדאָרף אויף באַרג,
נאָך טאַטנס הויז.

גייט פישערדאָרף אויף רעדלעך.
עס טומלט זיך.
דער רויש ווערט ברויזנדער:
„ווי ס׳האָט זיי אָפּגעגליקט!“

מע שושקעט זיך.
די לופט איז פול מיט סודערייען.
קנאה כפלט די גראַשנס דאָ אויף טויזנטער.
ווי פייער פון אַ ווינט
ווערט פון מויל צו מויל אַ קלאַנג צעטראָגן:
— דער און דער האָט אַן אוצר געקראָגן!...

מע הערט נישט אויף צו ברייען:
— ווער וואָלט זיך געריכט אויף אַזאַ לא־יוצלח!
— אַזאַ יאָט!
— ער וועט נאָך ווערן אַ צווייטער ראָקעפעלער!
— דאָס לעבן איז אַ רעטעניש און פול מיט שפּיצלעך!...

— און אַזאַ מיאוסקייט אַ מויד!...
— עס וועט איר חתונה האָבן נישט אָנקומען איצט שווער!...
— נו, גיי זיי אַ נביא — און טרעף אַקוראַט
— וואָס ס'קאָן אויף גרויסער וועלט פּאַסירן!...

— און דאָ וועט איצט שוין זיין
מיט וואָס דאָס ברויט צו שמירן!...

נאָר דער אָפּגעגליקטער אַליין ווייסט נישט
וואָס פּאַר אַ לאָך דאָ פּריער צו פאַרשטעקן!

און ווען אין קילן בלי—פאַרזונקענע אין אָוונט—דרימלען שטיבער,
און פענצטער גליען אומעטיק באַטרונקענע מיט פיבער,
הויערן דאָ (ווי תמיד) טשאַטעס זאָרגן — באַגלייט פון שרעקן.
און היינט ווי אַלעמאָל ווייַנט דאָ אַרויס פון טעלער אויפן טיש:
דאָס שפּאָרעוודיקע, דאָס דערעסענע אָרעם־מאָלצייט פון פיש!...

## 13. העי, דו ריפ וואַןווינקל !...

אין גרויסע שטעט, אין ווייטער פרעמד,
וואַקסט רואינענבאַרג:
מיט חלום אויף חלום און מיט טרוים אויף טרוים
ווי אַן אויסשאָט פון ברוכוואַרג.

אין פאַרצווייפל רעדט מען איינעם איין:
— ס׳אַ שאַנד!
— פאַרוואָס נישט זען יונגערהייט גאָטס וואונדערלעכע וועלט!
— פאַרוואָס נישט ווערן אַ סאָלדאָט?
— פאַרוואָס נישט ווערן אַ מאַטראָס?
— אַ מיליציאַנט!

— און טוט אויף אונדז (אומזיסט) אַ שונא זיך אַ לאָז —
— ווער וועט לאָזן זיין פאָטערלאַנד פאַלן?
— ווער ס׳איז אַ העלד, און ברענגט צוריק
אויף שפיזן — פון שלאַכטפעלד — דעם זיג,
— דער ווערט באַערט מיט מעדאַלן!

אין פאַרצווייפל טראַכט נישט איינער:
— וואָס קאָן שוין ערגער זיין?
— וואָס האָב איך צו פאַרלירן!
— ס׳איז מיר אַלצאיינס!
— וואָלונטירן?
—וואָלונטירן!...

אויף אַלע ווינקעלעך פון וועלט
ווערן זיי באַוואָפנטע צעשטעלט
אויף וואַך פון פרעמדע גיטער:
— טאָמער דאַרף מען פאַרהיטן
פון אַ סטרייק דאָס לאַנד!
— פון אַן אויפשטאַנד!
— און לוינט זיך, און קומט אַ באַפעל —
צינדט מען באַלד אונטער די וועלט!...

נאָר פון יעדער האַפן
שיקט יעדער צו חברים באַרימערישע בריוו
(מעג די געפאַר און דיסציפלין אים זיין ביז טויט פאַרהאַסט!)
ביז אַמאָל:
ווען נאָענט אַרום פאַרקירעוועט זיין שיף —
שטעלט ער זיך אַריין אויף אורלויב —
אין פישערדאָרף, צוגאַסט —
מיט ברייטע הויזן.
מיט אַ מיצל ווי אַ ווייסע טויב —
אויף אינגלשן קאַפּ.
מיט אַ פאַרדעכטיקן אויסשאַט אויפן פּנים —
(פון ווייטע לענדער אַ צוריקגעבראַכטער סואוועניר)!...

ער לאָזט זיך איבער פישערדאָרף אויף אַ שפּאַציר —
און ווייזט באַרימעריש זיין אוניפאָרם!
די אויגן גליען פול מיט וואוילן־יונג און פרעכן פינקל,
ווי אַ וועלט־מענטש וואָס האָט אַלץ געזען און אַלץ געהערט.
ער קוקט דאָ אויף יעדן פון אויבן אַראָפּ
ווי איינער זאָגט:
— וואָס האָט איר קעגן מיר אַ ווערט!
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— האַלאָ!
— זע נאָר, זע, וואָס מאַכסטו?
— אָלרייט?
— אָקעי! — אָלרייט!
— אויף לאַנג?
— אַ קורצע צייט!
— העי, גערי, דזשים און דיק!
— און מערי, דו, וואָס לאַכסטו?
— קום נענטער, שענק אַ בליק!
— און דו, דו ריפּ וואַן ווינקל!
— נו, זאָג שוין, נו, וואָס טראַכסטו?

— האַלאָ! האַלאָ! האַלאָ!
— העי דו, און דו און דו!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס פישערדאָרף בעמט טומלען,
און ס'העלפט דער ים נאָך צו!...

## 14. נאָך אַלעמען

נאָך יאָרן אין דער פרעמד, אין גרויסע שטעט,
קערט זיך אום פון וואַנדער ווי אַ מידער פויגל —
אַ מיידל צום פישערדאָרף, צום טאַטנס אָרעם הויז:
אָפּגעשוירן ווי גרעטאַ גאַרבאָ.
יונג־פאַרעלטערט.
מיט אויסגעצופטע ברעמען.
אונטער די אויגן מאַסקאַראַ.
אין שיך מיט הויכע אָפּצאַסן.
מיט שמאָלע היפטן. מיט בריסטן דאַרע.
און מיד — ווי נאָך אַ פאַרלוירענעם געוועט!...

קרענקלעך, פון נישט־דערגרייכטע פאַרלאַנגען
איז איר די גרויסע פרעמד שוין מער נישט אָנגעגאַנגען.
— צום פישערדאָרף וועט זי זיך שוין נישט צופּאַסן!
אָפּטמאָל טרעפט מען זי, שפּעט באַנאַכט, אין לבנהשיין, אין בלאַסן
וואַנדלען אַליין —
באַגלייט פון איר שאָטן, פון איר טרויער,
— און פון איר נישט־איינגעגעבן גליק.

ווי „מירעלע" אין „נאָך אַלעמען"
וואָס איז צום טאַטנס הויז געקומען צוריק,
און קיינעם נישט געטראָפן, און גאָרנישט געהאַט וואָס צו אַרבן —
איז זי עלנט דאָ און איבעריק —
און נישט זי קאָן לעבן און נישט זי קאָן שטאַרבן.

## 15. דער גוטער חלום

נאָך טעג און נעכט אין וואַנדעריאָרן:
פאַרגעסן (ווי אויסגעמעקט פון פישערדאָרפס זכרון)
טרעפט זיך אויך אַמאָל אַז איינער קומט צוריק צופאָרן
און שטעלט זיך אַריין אין פישערדאָרף —
פלוצים און אומגעריכט ווי פון יענער וועלט.

שטוינט דאָס פישערדאָרף:
— וואָס? און וואו? און ווען?
— וואָס האָט מיט אים געטראָפן?
— וואָס איז מיט אים געשען?

פישערדאָרף קאָן זיך נישט פאַרגעבן
פאַרוואָס עס ווייסט כמעט ווי גאָרנישט פון זיין לעבן!

— וועלכע לענדער?
— וועלכע ערטער?
— וועלכע שטעט?

אַליין קאַרגט ער ווערטער:
אַמאָל איז זיינס אַ וואָרט האַרב און ביטער
ווי אין שטורעם פון געוויטער אַ צאָרנדיקע פאָן!
נאָר מערסטנס איז אַ וואָרט זיינס אַ גלעט
איבערן קאָפּ פון אָרעמקייט, וואָס טרויעט זיך אים אָן
ווי אַ שטום און מאָנענדיק געבעט!

ער גייט איבערן פישערדאָרף באַטריבט,
מיט טרויערפולע אויגן,
ווי עמיץ וואָס אומגליקלעך פאַרליבט
וואָלט איבער זיין טרויער אַ כליפּענדיקן סמיק געצויגן .

דער ים רוישט דעם איביקן לאַמענט.
און די זון — ווי אַלעמאָל דאָ בלענדט
אין שפּיל פון גאָלד און שטראַלן.
בלויז די פישערשטיבלעך זענען דורך די יאָרן דאָ —
נאָך מערער איינגעפאַלן.

— ווי שטאַרק זיין טאַטע האָט זיך פאַרעלטערט!
— ווי זיין מאַמע קלאָגט זיך נאָכאַנאַנד אויף אירע געשוואָלענע קנאָכן!

ער קוקט פאַרשעמט און שולדיק אויף די קינדער —
דאַר און אויסגעצערט,
נאָר ער שטעלט זיך אָפּ מיט יעדן פאַרבייגייענדיקן שכן.
ער באַגריסט זיך פאַרטרוילעך דאָ מיט יעדער שכנה
ער פרעגט זיך נאָך און זוכט אויף אַ יעדן יוגנט־חבר,
ער רייסט אַרונטער אין דערמאָנונג —
וואָס ס'האָט זיך אָנגעקליבן (אויף פריינטשאַפט) דורך יאָרן — זשאַווער!

ער גייט צוגאַסט.
עס קומען געסט פון אָוונט.

און ווען פאַרנאַכט אין קילן בלי —
פאַרזונקענע אין אָוונט — שטייען שטיבער,

און פענצטער גליען אומעטיק באַטרונקענע מיט פיבער,
זיצט ער רינג אַרום און נאָענט,
אַרומגערינגלט אין בלוטיקער דערקענטעניש —
און דערציילט פון פרייד און לייד, פון אָרעמקייט און נויט,
פון טריבער וועלט, פון וואונדערלעכע ערטער,
פון שטוין און לוין, פון צער און פון געפּאַר,
פון מוט און גלוט, פון גוט און שלעכט
אין אַ וועלט פּן רעכט און אומגערעכט, —
אין אַ וועלט פון זיגער און באַזיגטע,
אין אַ וועלט פון דריקער און באַדריקטע!

עס רייסט דאָ אויף אַ טיפער זין פון זיינע ווערטער
וואָס קלינגען נאָך אַמאָל פאַרשעמט און פרעמד
און לויכטן אויף מיט לויטערקייט פון האָפענונג,
און אָטעמען דאָך —
מיט טרייסט פאַר די אין קלעם פון לעבנסיאָך.

נאָר אַמאָל האָקט ער פּלוצים איבער און בלייבט שטום, פאַרטראַכט —
און רעדט ווי עמיץ וואָלט אין ווי אים שטאַרק געפּלאָגט. —
ער דערציילט: פון לעבנס העלדישע געפאַנגענע אין תפיסות;
ער דערציילט: ווי פאַר יעדער לעבן איז פאַראַנען טויזנט מיתות —
ביז ער דערוואַכט ווי פון אַ טראַנס, —

ווי עמיצער וואָלט זיך נאָך אים געיאָגט.

נאָר באַלד קלינגט זיין קול שוין ווידער —
קלאָר און צילבאַוואוסט מיט ליכטיקן באַשייד
ווי לויטערע, ווי ערלעכע לידער —
פון פיינלעכער, פון האַרטער וואָר דאָ אויף דער ערד:

— ים איז נישט קיין קוואַל פון סם!
— ים איז נישט קיין קוואַל פון פרייד!

עס גייען ווידער אויף ווי שטערן זיינע רייד.
עס גייט ווידער אויף אין פולן טאָגן —
טיפער, טיפער זין פון אַלע לעבנספּלאָגן:

— זין פון שטאַרקע ליבשאַפטן.
— זין פון שטאַרקע האַסן.
— זין פאַרוואָס דאָס גאַנצע לעבן איז נאָך שווער און ביטער
און מיט זיך אַליין אויף מעסערשטעך אין קריג!?

דאָס פּישערדאָרף הערט, און הערט זיך צו, און הערט
ביז פּישערדאָרף דערקאָנט אַליין זיך אין די רייד —
ווי רינג אין קייט
פון גוט און שלעכט.

פון רעכט און אומגערעכט —
ביז נעמען טאָגן וועט אויף גאַנצער וועלט —
מיט פרייד, מיט גרויסער פרייד פון גרויסן זיג !...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס האָט שוין טאַקע אויך נישט איינמאָל זיך געמאַכט :
— אַז פאַרטאָג קוים־קוים עס האָט די זון זיך אָנגעצונדן —
האָט אַריינגעשטעלט זיך די מיליץ און אַרומגעזוכט דעם גאַסט...
נאָר ער איז (ווי אליהו הנביא) אינאיינעם מיט דער נאַכט
ווי אַ גוטער חלום
שוין לאַנג, שוין לאַנג פון פישערדאָרף פאַרשוואונדן.
און אין דער הויך האָט אַ גאָלדענע זון געשמייכלט און געלאַכט —
געשמייכלט און געלאַכט...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

סאָף

## ביכער פון דעמזעלבן אויטאָר



„גאַסן און עוועניוס" (לידער), 1928.
„פון אומעטום" (לידער), 1934
„פישערדאָרף" (פּאָעמע), 1938

גרייט צום דרוק:
„משה לייב האַלפּערן" (קריטישע שטודיע)
„נעמען און דאַטעס" (לידער)

---

E. GREENBERG
326 East 15th St., New York, N. Y.